## אויפן בערדיטשעווער מאַרק

הערשלען, וואָס האָט שטענדיק זיך אויפן מאַרק געדרייט,
פאַרבעטן האָט אַ מעבל־הענדלער אין זיין קלייט:
— „אַ ווינער שאַפע, פיין געשניצט, סאָליד,
קאָנט איר דאָ קויפן האַלב אומזיסט, ר׳ ייד!"

דער חוזקמאַכער קוקט דעם סוחר אָן:
— „אַ שאַפע?! וואָס וועל איך מיט איר טאָן?
וואָס נוצט זי מיר? איך וויים נישט, אויף מיין וואָרט!"
— „באַהאַלטן וועט איר די מלבושים דאָרט..."

הערשל צעלאַכט זיך הויך: „אַ קלוגער שפּאַס!
און איך וועל גיין אַ נאַקעטער אין גאַס?!"

## אַ סכסוך מיטן ווייב

הערשל קומט אַ בלאַסער אין שול אַריין,
די נאָז צעביסן פון געזונטע ציין.

דער עולם רינגלט אים אַרום און לאַכט:
— „ס'האָט פיין דאָס ווייבל דיך צורעכטגעמאַכט!"

— „דאָס ווייב? חלילה! פאַרוואָס?
כ'האָב אַליין צעביסן זיך די נאָז".

— „ליגנער, ווי האָסטו צו דיין נאָז דערלאַנגט?!"
— „כ'בין אַרויפגעקראָכן אויף אַ באַנק..."

# די באַגעגעניש מיט אַ גראַף

שפּאַנענדיק אַהיים פון אַ יאַריד,
האָט הערש באַגעגנט אַ קאַרעטע.
— „האָלאָ, ייד!

פון וואַנעט ביסטו?“ — פרעגט אַ פּריץ שטרענג.
— „איך ווין נישט ווייט פון אָסטראָפּאָליער שענק...“

— „אַ טשאַפּקאַ?!“ — ווייזט דער גראַף אויף הערשלס קאָפּ,
וואָס נעמט פאַר אים דאָס היטל נישט אַראָפּ.

— „אַ טשאַפּקאַ — שמייכלט הערשל ווי אַ נאַר —
איז אויך פון אָסטראָפּאָליע, גנעדיקער האַר!“

## ביים צדיק אין שטוב

די עגונה קלאָגט זיך: — „רבי, ס׳איז מיר שלעכט!
ס׳האָט דער מאַן פאַרלאָזט מיך". דער רבי גיט אַ קרעכץ,
קוקט אַריין אין ספר און זאָגט נאָך אַ מינוט:
— „דיין מאַן וועט גיך זיך אומקערן און אַלץ וועט ווערן גוט".

דאָס ווייבל טאַנצט פאַר שמחה, איז גליקלעך ווי די וועלט.
נאָר אָט קומט הערשל אָן און פרעגט, פון וואָס זי קוועלט?
— „ווי זאָל איך זיך נישט פרייען? מיין מאַן קומט צוריק די טעג!
ער איז פאַראַיאָרן נאָך פון שטוב אַוועק..."

— „ער וועט נישט קומען, ער וועט פאַרבלייבן דאָרט..."
— „דו, הולטאַי, גלויבסט נישט אין דעם רבינס הייליק וואָרט?!"
— דער רבי האָט — כ׳בין דעמלט געשטאַנען ביי דער טיר —
אַריינגעקוקט אין ספר — איך האָב געקוקט אויף דיר!"

## הערשל וועגן תענית

אינמיטן מאַרק — אין סאַמע תשעה־באָב —
שטייט הערש און קייט אַ פּולקע פון אַן עוף.

פירט מען צום רב אים מיט אַ ווילד געשריי...
„האָסט שווער געזינדיקט, אָך איז אונדז און וויי!“

„רבי — פרעגט הערשל, נישט קלערנדיק לאַנג —
ווי איז דער דין, אַז עמעצער איז קראַנק?“

„אַ חולה — זאָגט דער רב — על־פּי געזעץ —
איז פריי פון פאַסטן...“ וווּנדערט זיך דער לץ:

„דאָס הייסט דאָך, רבי — ווי איך בין אַ ייד! —
עס ארט אייך גאָרנישט, וואָס איך פאַסט היינט ניט...

נאָר ס׳טוט אייך וויי און ס׳ברענט אייך ווי אַ ווונד,
וואָס הערשל איז היינט דאַנקען גאָט געזונט?!“

## דער צדיק — אַ מלאך

אַ בייזער צדיק האָט אַמאָל זייענדיק אין כעס אַרויסגעוואָרפן הערשלען אויף דער גאַס.

דער לץ איז שטיין געבליבן און געזאָגט דעם עולם: — „הערט! דער רבי איז אַ מלאך אויף גאָטס ערד...“

— „לאַכסטו?!“
— „כ'מיין עס אויף דער וואָר —
ער איז קיין מענטש דאָך גאָר!“

## הערשלס ווּנטש

— „ווען ס׳וואָלט א שרפה אויסגעבראָכן אין דער שול, חלילה,
און איך וואָלט הינטערן אויוון דאַן געשלאָפן גאַנץ געשמאַק —
וואָלט איך געוואָלט אין בלויזן העמד אַפילו
אַרויסשפּרינגען דורכן פענצטער אויפן טראַקט...“

— „איז וואָס וואָלסטו דערפון געהאַט?“

— „אַ פּראָסטער פּשט:
כ׳וואָלט דעמלט כאָטש אַ העמד געהאַט!“

## הערשלס שבועה

הערשל מיט פאַרמאַכטע אויגן זופּט פון פלאַש,
אויסגעדרייט צום שענק־טיש מיטן רוקן.

— „כ׳האָב מיין ווייב געשוווירן, אַז קיין י״ש
וועל איך שוין מער אין לעבן נישט אָנקוקן...“

## הערשלס פילאָזאָפיע

— „הער אויס, מיין ווייב, דער מענטש איז נאָר אַ שאַרבן,
וואָס מוז אויף שטויב צעפאַלן זיך אַמאָל...
אויב עמעצער פון אונדז וועט פריער שטאַרבן,
פאָר איך אַוועק בּאַלד קיין ארץ־ישראל!“

## הערשל וועגן שיכּרות

— „נאָך יעדן טרונק, איך שווער עס אייך בחרם,
אַז אַנדער מענטש איך ווער, חברים!
נאָר די צרה איז דערביי אַ גרויסע,
אַז אויך דער אַנדערער האָט ליב די כוסה...“

## הערשל וועגן קרעדיט

— „אין שטאָט בערדיטשעוו האָב איך נישט קיין קרעדיט,
ווייל מען קען מיך נ י ט.
אין אָסטראָפּאָליע ווידער — ס׳הייסט אָט דאָ —
ווייל מען קען מיך י אָ...“

## הערשל זאָגט נביאות

קומט הערשל אין אַ דערפֿל און מאַכט אַלעמען באַקאַנט:
— „איך זאָג פֿאָרויס די צוקונפֿט אַ יעדן פֿון זיין האַנט!"

דערנעענטערט זיך אַ פּויער און ווייזט אים די האַנט. —
„ס'איז קלאָר!
וועסט צרות האָבן, ברודער, נישט מער ווי זיבן יאָר".

— „און שפּעטער?"
הערשל ענטפֿערט און שמייכלט זיך דערביי:
— „און שפּעטער וועסטו ווערן שוין צוגעוווינט צו זיי..."

## דער בעל־חוב

הערשל גייט אַרום אין אַ צעשפּיליעט העמד,
די באָרד צעשויבערט, די האָר נישט פאַרקעמט.

נאָכט מען אויף אים און מען חוזקט: „מן הסתם
האָסטו פאַרזעצט אין אַ קרעטשמע דיין קאַם?“

„איך האָב אַזויפיל חובות, אַז די האָר
זענען נישט מיינע...“ — מאַכט זיי הערשל קלאָר.

„טראַכט איך מיר: דו נאַר! אויב דאָס איז וואָר,
וואָס דאַרפסטו עפּעס קעמען פרעמדע האָר?!“

## דער „אבל"

הערשל לויפט אריין אין דער „חברה־קדישא":
„יידן! אן אומגליק! פאר א האלבער שעה
איז אויסגעגאנגען מיין געליבטע אשה —
נו, און אין שטוב קיין פרוטה איז נישטא..."

טרייסט מען דעם אבל: „יעדער מענטש מוז שטארבן!" —
און ניט מען גיט אים אויף הוצאות א פאר קארבן.

אין אוונט קומט צו גיין דער שמש זלמן
און קוקט דערשטוינט: ביים פיין געדעקטן טיש
מיט ווייב און קינדערלעך זיצט זיך דער אלמן,
קייענדיק חלה מיט געפילטע פיש...

„דו אויסוואורף, גנב, חוצפהניק, פארעטער!!"
„וואס איז? — פרעגט הערשל. — עס ברענט?
איך גאראנטיר אייך: פריער אדער שפעטער
זי וועט אריינפאלן אין אייערע הענט!"

## דעם שפּאַסמאַכערס גסיסה

דער צדיק וואָרנט: „זײַ צום משפּט גרייט!
בעט גאָט, ער זאָל דיר דײַנע זינד פאַרגעבן!"
נאָר הערשלס ליפּן שעפּטשען שטילערהייט:
„אָך, זײַט זיך נישט מטריח, רבי לעבן!

איך וועל דאָך באַלד אין ליכטיקן גן־עדן
מיט אײַער פּרינציפּאַל פּערזענלעך רעדן..."

## הערשל וועגן עולם־הבא

יידן אין שול ביים טיש ערב שבת
פירן אַ שמועס וועגן עולם־הבא.

אַ זקן ציטערנדיק פאַרריכט די ברילן:
„איר ווייסט, סוף אדם... שטאַרבן מוזן אַלע...
דעם גרעסטן גביר פון אונדזער שטאָט אפילו
וועט מען אויך רופן צום בית־דין של מעלה...“

„איך, אַז מיין לעבן וועט נעמען אַ סוף —
קרעכצט וואָלף — וויל ליגן נישט ווייט פונעם רב“.
„און איך — זיפצט אָפּ בערל — אַז די שעה וועט קומען,
וויל ליגן לעבן דעם מגיד, דעם פרומען“.
„און איך וויל ליגן — פליסטערט הערשל שטיל —
נעבן דעם נגידס שיין טעכטערל...“

„מנוול! — שרייט דער אַלטער. — אוי, אַ בראָך!
ביים אָפּ די צונג זיך! יענע לעבט דאָך נאָך!!“

„זי לעבט — זאָגט הערשל. — דאָס איז נישט קיין סוד...
נאָר איך בין נאָך אויך קיין מת נישט, דאַנקען גאָט!“

## הערשלס תפילה

הערשלען אין מעדזיבוזש מוסרט אַ חסיד:
„קלערסט וועגן היינט נישט, פֿאַרגעסט אינעם עתיד!
צי ווילסטו אָנווערן, דו ליץ, ביידע וועלטן?!
וואָס קומסטו אַריין אין דער שול אַזוי זעלטן?...
זעסט אָט דעם צדיק, ווי ער זיצט איינגעבויגן
און רייסט נישט פֿון ספר אָפּ זיינע אויגן!"

„דער צדיק, זאָל לעבן — קנייטשט הערשל דעם שטערן —
ער מוז דאָך אָן אויפֿהער זיך זאָרגן און קלערן:
דערמאָנען זיין הויף אין דער תפילה,
די פֿערד, די בהמות, די יידישע קהילה...
איך אָבער, הערשל, ביים היינטיקן טאָג
אַ ווייב און אַ קאָטער אינגאַנצן פֿאַרמאָג.
טאָ שטעל איך אַוועק זיך און רוף: „האַרציקער פֿאָטער!
רבונו של עולם! קאָטער-ווייב! ווייב-קאָטער!"
און כ'ווער טאַקע גלייך פֿונעם דאַווענען פּטור..."

## הערשל וויל פּרוּוון...

צו הערשלען גאַנץ פרי קומט אַ חבר אריין:
„וואָס וואָלסטו געזאָגט צו אַ גלעזעלע וויין?“

„ערשטנס: טרינק איך בכלל נישט, ליבער פריינד!
צווייטנס: האָב איך נאָך נישט געדאַוונט היינט.
דריטנס: גיס שוין אָן די כוסה — כ׳וויל סתם
זיך איבערצייגן, צי ס׳איז נישט קיין סם!“

## די ליידן פון גבירים

האָט הערשל ווידער אין קרעטשמע פאַרבראַכט
אויף דער פּאָדלאָגע ליגנדיק אַ גאַנצע נאַכט.

צומאָרגנס האָט ער געקלאַפּט פאַר קעלט מיט די ציין,
כ׳האָט אים ווי געטאָן דער האַלדז מיטן רוקנביין.
ער קוקט געגנויער אָן דעם דיל און זעט:
אַ גענדזן פעדערל ליגט אויפן ברעט...

דער חוזקמאַכער לאָזט פאַלן אַ טרער
און רופט זיך אָן צום שענקער: „הערט, ר׳ בער,
אויב פון איין פעדער, וואָס גרויס ווי אַ האָר איז,
האָב איך געהאַט אין שלאָף אַזויפיל צרות,
שטעל איך זיך שוין פאָר היינט,
וויפל עס טראָגן איבער לייד און פיין
די גבירים, נעבעך, וואָס שלאָפן כסדר
אויף איבערבעטן פון גענדזענע פעדערן!“

## ווענן רום

ביים וואלד שפאצירט ארום א שטאָלצע פּאווע,
און דעם קאָפּ פאררריסן אין דער הייך זי זאָגט מיט גאווה:
„מיין שיינער ווידל, אזוי צו זאָגן,
וועט מיין רום אין גאָר דער וועלט דערטראָגן!"

„און איך בארימט בין — דערקלערט די סאָווע איידל —
אדאנק דעם קאָפּ און נישט דעם ווידל..."

## דער הינטישער קינסטלער

אַ הונט, וואָס געהאַלטן זיך פֿאַר אַן אַרטיסט
און געבילט פֿאַר זיין געליבטער יעדע נאַכט,
האָט מיט „האַוו, האַוו“ אַ יינגעלע באַגריסט —
דאָס קינד האָט זיך צעוויינט. און דער כלב טראַכט:
„ס׳איז נישט קיין וווּנדער — ווער עס טוט מיך הערן,
ווערט באַלד געריהרט, און מוז פֿאַרגיסן טרערן!“

## דער פּועל־יוצא פֿון קריטיק

דער קלוגער פוקס האָט איינמאָל אויף אַ מיטינג
שאַרף קריטיקירט דעם מלך לייבס פּאָליטיק.
דער קעניג האָט געזיפצט, געלאָזט אַ טרער...
דערנאָך צעברילט זיך: „גיט אים נאָר אַהער!!
איך וויל דעם רעדנער פֿאַר זיין רעפעראַט
אַ גלעט טאָן איבערן קעפּל מיט מיין יד!“

## וועגן „לעבנס־דוים"

א גאנדז האָט א הענדל באפוילן שטרענג:
— „רוק זיך אָפּ! מיר איז אין שטייג צו ענג!
ביסט קליין און דאר!" — „און דו ביסט גרויס און ברייט!" — — —

נאָר ס'האָט נישט לאנג געדויערט דער שטרייט —
זיי האָבן שלום צווישן זיך געשלאָסן גיך,
פרעגלענדיק זיך צוזאמען אויף דער קיך.

## דריי סיבות

דער וואָלף באַגעגנט אַ שאָף אויפֿן פֿעלד
און באַשליסט: „כ׳וועל זי נישט קיין ריר טאָן מיט די ציינער!
ווייל ערשטנס, טו איך דאָס, וואָס מיר געפֿעלט,
צווייטנס, איז זי מאָגער — הויט און ביינער —
און דריטנס, וועל איך באַווייזן דער וועלט,
אַז כ׳בין אַן איידעלער און פֿיינער...“

## וועגן מוזיקאַלישקייט

דעם סאָלאָוויי דערהערט אַן עלעפאַנט,
און זאָגט פייערלעך: „דער פויגל האָט טאַלאַנט!
און אויב ער וועט מוזיק שטודירן ווייטער,
קאָן ער נאָך ווערן, ווי איך, אַ טרומייטער!“

## וועגן מוט

אין גאָרטן האָט דער הונט אַ האָז געפּאַקט.
— „איצטער האָב מוט און לייקן נישט דעם פאַקט:
דו ביסט אַ גנב!“
— „מוט?! אָך, באַלעבאָס!
גיט נאָר אַ קלער: צי פּאַסט דאָס פאַר אַ האָז?!“

## די קאַנדידאַטור פונעם אייזל

ערב די וואַלן האָט דעם מלכס ראַט
באַשטימט דאָס אייזל פאַר אַ קאַנדידאַט.

מען לויפט צום קעניג, מען פאַרברעכט די הענט:
„וואָס וועט דער אייזל טאָן אין פאַרלאַמענט?!“

דער לייב צעבייזערט זיך: „נאַראָנים, סטאָפּ!!
וואָס וועט ער טאָן דאָרט? שאָקלען מיטן קאָפּ...“

## מען שדכנט אַ קעמל

אַ שדכן האָט דעם קעמל צוגערעדט:
— „נעם דיר אַ ווייב, כל זמן ס'איז נישט צו שפּעט!"
דער קעמל ענטפערט: — „פריינד, דו ביסט נישט קלוג!
זענען דען צ וו יי הויקערס פאַר מיר נישט גענוג?!"

## אַ פּאַכמאַן

אַ באַראָן האָט אַ בּים געטאָן צוויי ציגן
און האָט זיך פאַרענטפערט אויפן קול:
— „כ'האָב נאָר געוואָלט דערגיין — כ'זאָג נישט קיין ליגן —
צי זייער מלבוש איז פון ריינער וואָל...‟

## אַ בער וועגן טאַנץ־קונסט

דערזעענדיק, ווי מאַלפּעס טאַנצן טוויסט,
האָט דער בער צעברומט זיך: — „ס'איז אייער מי אומזיסט!
וואָס טויג דאָס נייע? שענער איז פאַר אַלץ
דער אייביק־חנוודיקער בערן־וואַלץ!"

## פאָרם און אינהאַלט

אין גאָרטן קאָנצערטירט דער סאָלאָווײ.
אַ פּעטע גאַנדז פּאַמעלעך גייט פאַרביי,
זי הערט זיין ליד, בלייבט שטיין, פאַרטראַכט זיך לאַנג
און זאָגט: — „ווו איז די טיפקייט פון געדאַנק?!...
די פאָרם איז שיין, נאָר ס׳פעלט איר נאָך אַ סך
צו מיין באמת דיכטערישער שפּראַך!“

## די פּרימאַדאָנע

אַ זשאַבע זיצט אין אָוונט אויף אַ שטיין
און קוואַקעט, קוואַקעט מיט אַ קול, אַ ווייסטן...
„מומע! וואָס רייסט איר זיך דעם האַלדז אַליין?“
„כ'זינג נישט אין כאָר — כ'געהער צו די סאָליסטן!“

# דער אינדיווידואַליסט

דער קאָטער דורכן פענצטער גיט אַ שפּרונג אין שטוב אַריין.

דער הונט קומט אים אַנטקעגן:

— „עס איז די טיר דאָך אָפן, עקשן, גראָבער יונג!!"

— „כ'גיי נאָר מיט  א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ע  וועגן..."

## אַלט און יונג

דער אַלטער דעמב זיך בייזערט אויפֿן יונגן:
— „איך שפּיי מיט בלוט, איך עס מיר אויף די לונגען!
קוים אויסגעוואַקסן, און ער גיט מיר שוין קיין רו,
גנבעט ביי מיר זון און הימל צו!...
אַזאַ מין שנעק! כ'פֿאַרזיכער אייך, ס'איז וואָר,
ער איז דאָך אַלט אינגאַנצן הונדערט יאָר!"

## די פליג אויפן דענקמאָל

רימט אויפן דענקמאָל זיך אַ קליינע פליג:
— „איך קאָן חיילות פירן איצט צום זיג!
כ'קאָן איצט אַ דיכטער ווערן, אַן אַרטיסט! — —
נאָר כ'פיל זיך אַ סך בעסער אויף דעם מיסט...“

## װעגן זעלבסטקריטיק

אַ האָן דעם אינדיק מוסרט: „שוטה! שוטה!
פֿאַרמאַך דאָס מויל! נישט פּילדער און נישט פּלוידער!
עס רייצט דיך שטאַרק די רויטקייט פֿון מיין קאַם...
פֿאַרוואָס־זשע אַרט דיך נישט דיין רויטער גוידער?!"

## אין „זאָאָ"

אַ קאַץ דערזעט אין „זאָאָ" צוויי זשיראַפן
און הערט נישט אויף צו שטוינען און צו גאַפן.
„אוי וויי! — פרעגט זי ביי זיך אַליין אַ קשיה. —
ווי קאָן מען אַזאַ לאַנגן האַלדז גאָר וואַשן?..."

## דער דיכטער און די רויז

געצערטלט האָט אַ דיכטער פֿון אַ רויז די בלעטלעך
און געפּליִסטערט: „רויז, דו ביסט באמת געטלעך!"...
די רויז האָט זיך צעלאַכט: „כ'האָב אייך באַלד דערקענט!
איר זענט אַ בלאָפער! נעמט אַוועק די הענט!" — —
פֿון דעם משל איז געדרונגען: ס'ווייסט שוין יעדע קווייט,
אַז ס'פּאַסט ראָמאַנטיק נישט פֿאַר אונדזער צייט.

## װעגן שײנקײט

די חיות באַװוּנדערן דעם אָדלער און זאָגן:
„ער האָט אַ פּאָר אױגן —שײנע, מוטיקע און קלוגע“.
קלאַפּט דער טכױר מיט די צײן: „אױך מיר די אױגן געפעלן,
נאָר איך שרעק זיך פאַר די אָדלערשע קרעלן...“

## ווען אַ קמצן

אַ פערד דעם כלב האָט געפרעגט: „פאַרוואָס
רופט מען „חזיר" אונדזער באַלעבאָס?"

„ווייל — מ'האָט דעם סוד מיר אָנפאַרטרויט —
פון ביידע ווערט מען נוצן האָבן נאָכן טויט..."

## וועגן פרייהייט

ויהי היום, און ס'האָבן אַלע חיות
פון הערלדם מויל דערהערט אַ וואַזשנע נייעס.
„דער מלך לייב מאַכט אַלעמען באַקאַנט:
„פרייהייט פון וואָרט דאַרף הערשן אין מיין לאַנד!"

דער אייזל שפּיצט אָן די אויערן און זאָגט: „איך אייל!"...
און שטעלט זיך באַלד פאַר דעם טראָן אין קעניגס הייל.

דער קעניג קוקט אָן דעם חמור פון אויבן אַראָפּ,
הערט אויס זיין אָנקלאַגע, שאָקלט מיטן קאָפּ,
און זאָגט צום פוקס, דעם סעקרעטאַר:
„זאָל דער וואָלף פאַרניטיקן זיין צער!"

צומאָרגנס האָט מען אונדזער העלד
געפונען אַ דערהרגעטן אין פעלד.
באַוואונדערט האָט זיין מוט די גאַנצע וועלט,
אַ גאָלדענע מצבה אים געשטעלט
און אויסגעקריצט אויף איר: „דאָ ליגט אַ קרבן,
וואָס פאַר דער פרייהייט איז געשטאָרבן".

## די וואַלן אין טייך

דער קאַרפּ באַרימט זיך פאַרן ווייב: — „מיין קרויןּ!
נישט זידל זיך! איך בין היינט א פּאַרשוין...
באַהאַלט די שאַרפע נעגל און די הענט!
איך בין אַצינד פון טייך דער פּרעזידענט...״

— ווער האָט געוויילט דיך? — לאַכט דאָס ווייב פון אים. —
ס׳האָבן די פיש דאָך בכלל נישט קיין שטים!״

# עפיגראַמען

## אַ „ראַציאָנאַליזאַטאָר“

ער האָט זיך פאַרמאַכט אין זיין קאַבינעט,
פאַרקנייטשט דעם שטערן, דאָס בערדל געגלעט,
געגריזשעט די פען, מיט די פינגער געקנאַקט...
און מפיל געווען — אַ פאַפּירענעם אַקט.

## אויף אַן אַרבעטער־פאַרזאַמלונג

דריי רעדנערס האָבן מיט אַ צייט צוריק
שאַרף קריטיקירט די לייטונג פון פאַבריק.
זיפצט דער דירעקטאָר, נעמט צולעצט דאָס וואָרט:
„הם... צו אַ יי ן פעלער כ׳בין זיך מודה פאָרט!
איך האָב געדאַרפט — עס טוט מיר האַרציק באַנג —
די קריטיקער באַפרייען שוין פון לאַנג!“

## דער ביוראָקראַט און דער פרילינג

דער דינער פון ביוראָ זאָגט א דערפרייטער:
„דער פרילינג איז שוין געקומען, הער לייטער!"
ענטפערט דער לייטער מיט א טאָן א האַרטן:
„ער איז געקומען? גוט. טאָ זאָל ער וואַרטן!"

## וועגן א הויכן באַאַמטן

(לויט ג. פלאָטקין)

איין זאך איז מיר נישט קלאָר:
ער ברילט אין אַמט ווי א ל ײ ב,
און ווערט א ל ע מ ע ל ע גאָר
אין קעגנוואַרט פון זיין ווייב.

דערפאר טאקע פרעג איך אייך:
זוען זשע — לויט אייער דעה —
איז ער, מיט אלע גלייך —
א מ ע נ ט ש און נישט קיין חיה?!

## אַ חילוק

(לויט נ. פלאָטקין)

ס'האָט א דירעקטאָר זיינע פריינד
פאַרזיכערט: „גלויבט מיר אויף נאמנות!
כאַבאַר — דאָס האָב איך שרעקלעך פיינט!
דאָס איינציקע וואָס איך פאַרלייד איז — „מתנות".

## וועגן אַ קאַריעריסט

(לויט סט. י. לעץ)

ער איז א „רויטער"... פונקט אזוי
פארדרויטלט זיך א גאסנפרוי.

## תיקון־טעות

(לויט סט. י. לעץ)

ער ג י י ט די מאסן פֿאָרויס?... אויף מיין וואָרט:
ער פּ אָ ר ט.

## צו אַ רעדנער

שטייענדיק אויפן פּאָדיום טו נישט קלערן,
אַז דו שטייסט העכער פון די, וואָס דיך הערן.

## וועגן אונדזער פּרעסע

(לויט א. מאַריאַנאָוויטש)

ס'האָט מיט מיר א נס געטראָפן:
כ'בין אנומלט איינגעשלאָפן
מיט א צייטונג אין דער האנט.

נישט דערלייענט כ'האָב א שטיקל
פון א וואָגיקן ארטיקל
אונטערן טיטל: „אונדזער פּרעסע
דאַרף זיין מער אינטערעסאנט!"

## צו א לאַנגהאָריקן יונגערמאַנטשיק

נעם זיך מיט די לאַנגע האָר נישט איבער! —
זיי וועלן פון דיר נישט מאַכן קיין שמשון הגיבור...

## אין טראַמוויי

איינעם, וואָס זיך שטופּט, איך טו א פרעג:
„פארוואָס פארשטעלט איר מיר דעם וועג?"
און ער ענטפערט שטאָלץ אויף מיין פּראָטעסט:
„כ'האָב פון דער נאַטור א ב ר יי ט ן ז ש ע ס ט!"

## אַ קלוגער ענטפער

כ'פרעג ביים לייטער פונעם קלוב:
„צי איז אמאָל נישט נודנע אין דער שטוב?"
„נודנע? — שטוינט דער לייטער. — ניין!
עס קומט דאָך קיינער נישט צו גיין!"

## וועגן אַ שרייבער

(לויט ג. פּלאָטקין)

ער רייזט ארום אויף גאָר דער וועלט
און זוכט פאר זיין ראָמאַן א העלד.
נאָר ווען איך פרעג אים, ווער אין שכנות וווינט —
„איך ווייס נישט!" — ענטפערט ער דערשטוינט.

## וועגן אַ שלעכטן אַקטיאָר

א ליבהאָבער, שפּילנדיק אין יעדער סצענע,
האָט פאַרשפּילט דעם פּלירט מיט מעלפּאָמענע.

## דער שמועס מיט אַ הינטל

(לויט י. טוווים)

„איך בין דאָס הינטל פון דער גרעפין זעט.
כ'עס מיט איר ביים טיש, שלאָף מיט איר אין בעט.
איך לעב אין ווילטאָג, כ'וויים נישט פון קיין צער...
און וועמענס הינטל זענט איר, חשובער האַר?"

## וועגן כאַמעס

(לויט י. טשאַרני)

די טיר, די ברייטסטע אַמאָל
איז פאַר אַ כאַם צו שמאָל.

## אַ פּאַראַדאָקס

וואָס איז די שווערסטע זאַך אויף דער וועלט?
א בייטל אויסגעליידיקטער פון געלט.

## צו אַ פריש געפּאַרבטער בלאָנדינקע

די העלבלאָנדע האָר קרוינען דיין ווייסינקען שטערן...
אפשר וועט אויך אין קאָפּ דיר ליכטיקער ווערן?

## אַן עפּיגראַם אויף מיין פרוי

(לויט י. שטאודינגער)

אפילו, אז כ׳וויל זי פאראטן,
מוז איך מיט איר זיך באראטן.

## לאָלא האָט חתונה

זי האָט מיר צוגעשיקט א בריוו „עקספרעס“:
„כ׳האָב חתונה — זײַ מוחל און פארגעס!“
כ׳האָב געענטפערט זאכלעך: „ליבער פריינד!
דיין צ י ר ק ו ל י אַ ר האָב איך דערהאלטן היינט...“

## דער סוד פון חכמה

„פארוואָס איז דיין מויל פארמאכט?“ —
האָט מען געפרעגט דעם פריינד נחום.
„א מאָדנע זאך: אז איך שווייג,
האלט מיך די וועלט פאר א חכם!“

## די ארבעט פונעם וואלד

דער וואלד רוישט פון קדמונים אָן...
וואָס האָט ער מער צו טאָן?

# אויפשריפטן אויף מצבות

## פון אַ בומעלאַנט

דאָ ליגט א בומעלאנט — ער טוט,
וואָס ער פלעגט שטענדיק טאָן: ער רוט.

## פון אַ „דאַמע"
(לויט ס. י. לעין)

דאָ ליגט א דאַמע יונג און שיין —
צום ערשטן מאָל אליין.

## פון אַ הומאָריסט

דאָ רוט א הומאָריסט. שענק איך אים א טרער און טראכט:
ער האָט ביים לעבן אָפט אונדז וויינענדיק געמאכט!

## פון אַ גראַפאָמאַן
(לויט ג. ע. לעסינג)

דאָ ליגט א גראפאָמאַן און זינגט דעם טויט א לויב.
געווען איז ער א ג אָ ר נ י ש ט און איצט געוואָרן ש ט ו י ב.

# פּאָלקסטימלעך

## אין קלויז

אין דער בעלזער קלויז, נישט ווייט פון באלעמער,
דאוונט בקול רם ר׳ איציע דער קרעמער.

דער שכן שטויסט אים: „דו נארישער גולם!
שריי נישט אַזוי אויפן בורא העולם!

דאָס געבייזער טויג נישט לחלוטין:
וועסט מער ביי אים פועלן מיט גוטן!“

## דער טרוים פון אַ מלמד

„...ווען איך בין ראָטשילד — חלומט א מלמד —
וואָלט איך זיך אָנגעטאָן אין זייד און אין סאמעט,
פארקנסט די טאָכטער פאר א תלמיד־חכם
און מער נאָך פון ראָטשילדן געהאַט רווחים:

ווייל צו די אוצרות מיט געלט
וואָלט איך נאָך א ביסל צוגעקנעלט...“

## אין גאַס

„איר האָט שוין געהערט? — זאָגט לאה צו שרהן. —
ר׳ משהל דער בלעכער איז נפטר געוואָרן...“

„ווער דער בלעכער ר׳ משהל?!
אוי, האלט מיר דאָס קוישל!

ווייַ איז צו מיר! אַן אומגליק! א חורבן!
אזא ייִדענער ייִד איז געשטאָרבן!“

דאַן פרעגט זי מיט א פּנים פון טרערן נאַס:
„לאהשע, וואָס פאר א בלעכער? פון וועלכער גאַס?...“

## די קלוגע דינסט

א פרוי צו איר דינסט זאָגט: „גיב, מירל, א שפרונג
און זע, צי דער קצב האָט א קעלבערנע צונג!“

די דינסט — א זעלטן אנטיק —
לויפט אַוועק אויפן מאַרק און קומט באלד צוריק:

„כ׳האָב זיין צונג נישט געזען — רב זיינוול איז פויל
און רעדנדיק, עפנט ער קוים אויף דאָס מויל...“

## דער שדכן בויט אַ הויז

ער לויפט און שוויצט ווי א פארמאטערט פערד
און פאלט צולעצט אנידער אויף דער ע ר ד.

ער שטעלט צונויף א וו א נ ט מיט א וו א נ ט
און רירט נישט אָן קיין ציגל מיט דער האנט.

ער ארבעט שווער, ביז פון דער גאנצער זאך
לאָזט זיך א ב ו י ד ע ם אויס, האָט ער א ד א ך.

# אינהאַלט

זייט